# דער דישפוט

## פון אַשילער מיט אַקלויזניק.

און דער צוא מיינע ברידער
נאך צווייא הערליכע לידער
וויא מיט גרויס פערגעניגין
טוט אַמוטער „דאס קינד פערוויגין"
אויך וויא אויף „דעם זארג"
שטעלין זיך פערשידענע צום טארג.

פערפאסט פון בנימין זאב ראבינאוויטש.

ווילנא

ДИСПУТЪ
Разговоръ.
Соч. Б. З. Рабиновича,

ВИЛЬНА.
Въ Типографіи Фина, Розенкранца
и Шрифтзетцеръ
На Вилейской улицѣ въ домѣ № 715/24 1877

# צום לעזער

אִיר לָעזָער גִיוִויס קְלָערְט
אויף מַיינָע לִידָער גִיפִינָען אַבְּרַאק
קַיין מָעלָאדִיא, הָאבִּין מִיר גִיהָערְט
דִיא וָוערְטָער אַיין פַּאסִין נָאכִין טַאק
מִיר וָואלְטִין פָּארְהָער וִויסִין
פוּן דִיזָען וָוערְק דָעם פָעלָער
וָואלְט דָער מוֹכֵר סְפָרִים נִיט גֶעגִיסִין
פוּן אוּנְז, פַאר אִים אַהָעלְשֶׁר!

מוּז אִיךְ שׁוֹין אַסוֹד פָּערְטְרוֹיָען
וַוייל אִיר מִיר דָער צוֹא שְׁפַּארְט
קַיין בַּדְחָן, הָאט דָאס גִיטָאן שְׁטְרָאיָען
פַּאר אַמָעלָאדִיא, הָאט מִיר נִיט גִיאַרְט
נוּר דִיזָען חִסָרוֹן, קָען אִיךְ עָרְפִילִין
אַייָער קְנִיָה, אִיז נִיט גִינַארְט אִין גַאנְצִין
מִיט וָואס פַאר אַמָעלָאדִיא אִיר וָועט שְׁפִּילִין
וָועלִין דִיא וָוערְטָער גִיוִויס נָאךְ טַאנְצִין!

דער פערפאסער.

# דֶער גִימְנַאזִיסְט מִיטִין קְלוֹיזְנִיק.

גימנאזיסט

דִיר קְלוֹיזְנִיק הָאבּ אִיךְ צוּא פְרֶעגִין
אִין אֵיינִיגֶע זַאכִין בִּיסְטוּ מִיר דֶער וִוידֶער ?
דוּא וַוייכְּבְּט אוֹים אַלֶע מַיינֶע וֶועזִין
דֶער זֶעהְסְט מִיר צִימֶערִין דַיינֶע גְלִידֶער ?
אִיךְ פֶערְלַאנְג, דוּא זָאלְסְט מִיר עֶרְקְלֶערִין
דִיא אוּרְזַאךְ דֶער פוּן וויל אִיךְ וִויסִין
צוּ דֶען אַז אִיךְ דִיא בִּילְדוּנְג לֶערִין
וואס פַאר אַבֵּייז, קֶענְסְטוּ דוּרְךְ מִיר גִינִיסִין ?
מַיין פְּרָאפֶעסְיָאן, אִיז דָאךְ זֵייעֶר גוּט
זִיא וַואקְסְט זִיא שְׁטַייגְט, וִויא פוּן מִינוּט
נוּר דוּא אֵיינֶער, לַאכְסְט אִיר אוֹים !
וֶוען דוּא וָואלְסְט בִּילְדוּנְג עֶרְקֶענְט
וָואלְסְטוּ מִיר גִיוִוים נִיט גִישֶׁענְט
דוּא וָואלְסְט גִיוִוים, פוּן קְלוֹיז אַרוֹים !

קלויזנער

דַיין פְרַאגֶע, קֶען אִיךְ נִיט פַאר שְׁטַיין
וָואס פַאר אַקוּמְפַּאנִיסְט, קֶען אִיךְ דִיר זַיין
מַיין גִישֶׁעפְט אִיז נוּר, מִיט גָאט אַלֵיין
אִיךְ שִׁיץ מִיר אַלְץ אוּנְטֶער זַיין שַׁיין

אִיךְ זָעה דִיר גַיין אִין דִיא גַאסִין
דַיין מויל אַלְץ קַיין אִידָעשׁ רָעט
זִיצְט אָן אַהִיטִיל, עָסְט אוּם גִיוַואסִין
וַויסְט נִיט פוּן תְּפִלִּין, פוּן קַיין גִיבָּעט
דָאס אַלַיין קָען שׁוין קְלָעקִין
מַיין הַארְץ זָאל פַאר דִיר שְׁרָעקִין
דוּא זָאלְסְט נִיט שַׁאדִין צוּ מַיין הַשְׁלָמָה
מַיין פְּרָאפָעסְיָאן אִיז זַייעָר שַׁיין
זִיא גִיט דָעם מָענְטְשִׁין אַגוּטִין לוין
שְׁטִיצְט דָעם גוּף, מִיט דִיא נְשָׁמָה

גימנאזיסט

מַיין בְּרוּדָער, דוּא הָאסְט נִיט רָעכְט!
דַיין פְּרָאפָעסְיָאן אִיז זַייעָר גִידְרִיקְט
צוּם גוּף אִיז זִיא אִימָער שְׁלָעכְט
אוּנְטָער דִיא צַייט וָוערְסְטוּ דָאךְ גִישְׁטִיקְט
קַיין פָערְגָענִיגִין קָענְסְטוּ דָאךְ גִינִיסִין
וָוען דוּא עָסְט אויף אַפְּרָעמְדִין טִישׁ
שְׁלָאפְסְט אויף הוּילִין, וֶוערְסְט אוים גִירִיסִין
עָס נָעמְט אָפּ דִיא גְלִידָער, הָענְט אוּן פִּיס
אָבָּער וִויא אִיךְ נוּר פַאנְג אָן שְׁטוּדִירִין
טוּט שׁוין דָער גְלִיק מִיט מִיר שְׁפַּאצִירִין

פוּן אַזוינֶע נויט װָער איך בֶּעפְרַייט
מִיט מִיר טוּט זִיךְ קֵיינֶער שֶׁעמֶען
מִיט גְרויס עֶהְרֶע מַיין הַאַט אָן נֶעמֶען
דִיא פָארְנֶעמְסְטֶע מֶענֶער אַדֶעלֶע לַייט

קלויזנער

מַיין פֶערְגֶענִיגִין וִויא קוּמְסְטוּ צוּא פַאר שְׁטֵיין
דִיר אִיז פַאר בְּלֶענְד פוּן גוּטְּס דִיא אוֹיגִין
אַשְׁווֶערֶע שְׁטִיקִיל גְמָרָא אַז אִיךְ טוּא דֶער גֵיין
מַיין פְרֵיילִיכְקֵייט וָואלְט דִיר אִין גַאנְצִין אָפּ גִיוואוֹיגִין
אִיךְ לֶערִין מִיט חֵשֶׁק אוּנ זִינְג מִיר צוּ
פֶערְגֶעס אִיךְ אָז אַלֶע מַיינֶע לַיידִין
חָאץ בַּייא טָאג נִיט גִיגֶעסִין, בַּייא נַאכְט קֵיין רוּא
הָאף אִיךְ דָאךְ צוּא קְרִיגִין אַשְׁטִיקִיל גַן עֶדֶן!
אָבֶער דוּא, אויף שׂוֹנְאִים צוּא זָאגִין
וָואס דִיר קֶען שׁוין דָאס אַיין טְרָאגִין
אַפִּיָעסְנֶע, אַבַּאסְנֶע, אַז דוּא וֶוערְסְט שׁוין קְלָאר
עֶס אִיז דָאךְ מַאקֶע צוּ לַאכִין
אַז אִין אַזֶעלְכֶע דוּמֶע זַאכִין
פערְבְּרֵיינְגְסְטוּ צַייט שֵׁיינֶע עֶטְלִיכֶע יָאר.

גימנאזיסט

וֶעה מַיין פְרַיינְד! דוּא וִוילְסְט זִיךְ גָאר קְרִיגִין?

הָאבּ איךְ פַאר דיר נָאךְ פְּרַאגֶעס אַפּולֶע
זָאג מִיר, אַז דוּא זִינְגְסְט שׁוֹין «אָמַר רָבָא» מִיט אַנִיגוּן
צוּ אִיז דָאס פַאר דַיין לֵייַדִיגִין מָאגִין עֶפֶּעס אַפְּעוּלָה?
אַז עֶס קְרִיגִין זִיךְ רַב הוּנָא מִיט רַב אַשִׁי
אוּנ אָפְּט צְווִישִׁין זַייא אַיינֶער אַמַכְרִיעַ
וָואס מִיסְטוּ זִיךְ אַרַיין? פְּרָעג אִיךְ דִיר אַקַשְׁיָא!
מִיר דוּכְט, דוּא בִּיסְט פוּן זַייא קְנַאפּ יָואס מַכְרִיעַ?
אָבֶּער וֶוען אִיךְ וֶוער נוּר גַאטָאווּ
מִיט אֵיינִיגֶע בַּאסְנֶעס, פָּאפָּאוו צוּ קְרִילָאווּ
בֶּעקוּם אִיךְ דֶער פַאר זֵייעֶר אָפְּט אַנַאגְרַאדֶע
אוּנ וֶוער רָעט שׁוֹין פוּן דֶעם חָק
אַז אִיךְ בִּין קְלָאר דֶעם אוּרָאק
מַאכְט מֶען שׁוֹין מִיט מִיר אַנַאנְצֶע פַּארַאדֶע.

קלויזנער

דַיינֶע אַלֶע קֶענְטֶענִים, וָואס פַאר אַוֶוערְד הָאבִּין
אַז וָואס פוּן טָאג וֶוערְסְטוּ מֶער אוּיס גִילַאבִּין
דַיינֶע עֶלְטֶערִין וִוינְשִׁין זִיךְ דִיר צוּא בֶּעגְרָאבִּין
אֵיידֶער דוּא זָאלְסְט גֵיין אִין דִיא קְלַאסִין
אַלֶע טָאג שְׁטַארְקִין זִיךְ דַיינֶע עֲוֹנוֹת
עֶס אִיז אוּם מִיגְלִיךְ אוּיס צוּ רֵיידִין
מַאכְסְט נֶעבַּאךְ אָן גַאנְץ גְרוֹיסֶע בִּזְיוֹנוֹת
דַיין פָאטֶער אוּנ מוּטֶער דִיא בָּאבִּין מִיטִין זֵיידִין

פון מיר אין קלויז יעדער קוועלט
דיא גמרא אפיו, דער שטענדער געשטעלט
אונ לערין פלייסיג מיט גרויס התמדה
מיט מיר טוען זיך בענטשין
אלע גוטע פרומע מענטשין
אויף מיינע עלטערין בין איך געווים קיין הכבדה.

גימנאזיסט

הער קלויזנער גיב מיר ערקלערין אויף קלאר
צוא וואס פאר אציל האכטו זיך געשטעלט
קיין געשעפט פערשטייסטו נאך ניט אהאר
דיא וועלטליכע געהיימנים איז פון דיר פאר שטעלט
אז דוא וועסט שוין פון קלויז ארויס
וויא דוא רעכינסט אליין, מאקע א לייט
דארף מען נאך דיר ארויף נעמען אויפין שויס
אונ געבין דיר עסין, וויא פאר אקינד מען צו קייט
אבער איך טוא דאך האפין
ווען אפילו איך וועל שלאפין
וועט שוין זיין פערדינט מיין ברויט
צוא וואס פאר אגעשעפט
איך וועל ווערין בעהעפט
וועל איך ניט דארפין ליידין קיין נויט.

קלויזניק

פון דַיינָע נַארִישָׁע פְרַאגָעס חַאפְּט מִיר גָאר לַאבִּין
אִיךְ וָועל דָאךְ הָאבִּין פון גָאר דָאס בֶּעסְט
מֶען וֶועט מִיר גֶעבִּין נַדָן, שֵׁיינָע קְלֵיידָער מַאכִין
דֶער צוּא אַ צוּגָאבּ צְוַוייא דְרַייא יָאהְר קֶעסְט
בַּייא מִיר וָועט זַיין כָּבוֹד מִיט גְדוּלָה אִין אֵיינָעם
אַז אִיךְ וָועל אוֹיס פִירִין מַיין רֶעכְטִין צִיל
דַאמָאלְס ווָעל אִיךְ טַאקֶע מִיט אַגָעפִּיל אַרֵיינָעם
קֶענֶען זִיצִין אוּנ לֶערְנֶען וִויא פִּיל אִיךְ וִויל
אָבֶּער דוּא וָועסְט דָאךְ זַיין פֶּערְהַאסְט
בַּייא שְׁוָוער אוּנ שְׁוִויגֶער אַקְנַאפֶּער גַאסְט
אוֹיבּ דוּא וָועסְט זִיךְ פִירִין מִיט דִיזֶען שְׁמָרַאי
דוּא וָועסְט פֶּערְזוּכִין זַייעָרִין אַבִּיסִין
וֶועט זַייא גִיוִויס גְרַיילִיךְ פֶּערְדְרִיסִין
וָואס פַאר אַמִצְוָה צוּ שְׁפַּייזִין אַזוֹא אַ גְרוֹיסִין גוֹי?

גימנאזיסט

דוּא בִּיסְט גָאר אַנַאר, אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט וִויסִין
עֶס גֵייט שׁוֹין אוֹיס דִיא פַאר צַייטִיגֶע מָאדָעס
גִיחַאפְּט אַקְלוֹיזְנִיק עֶפֶּעס וִויא אַגוּטִין בִּיסִין
גִישְׁפַּייזְט גִיקְלֵיירֶעט מִיט אַלֶע וִויגָאדָעס
סֵיידִין אַזֶעלְכֶער וָואס זַיין טָאכְטֶער הָאט אַבְּרַאק

וָועט יָעצְט דִיר פַאר אַ אֵיידִים נֶעמֶען
אוּנ אוֹיבּ דִיא מֵיידִיל אִיז נִיט קַיין דוּרַאק
וָועט זִיא זִיךְ נָאךְ מִיט דִיר שֶׁעמֶען
אָבֶּער אִיךְ מִיט דִיא צַייט טוּא עֶקְסָפֶּעסְטִירִין
אֵיידֶער אִיךְ וָועל נָאךְ עֶנְדִינְגִין שְׁטוּדִירִין
אִיז שׁוֹין דָא אוֹיף מִיר בֶּעֲלָנִים פִיל
מִיט מַיין שֵׁיינֶעם קָאפְּלִימֶענְט
וֶוער אִיךְ דָאךְ גוּט בֶּעקֶענְט
מִיט דִיא גִיבִּילְדֶעטֶע פְרַיילִין אִיךְ אַלִיבֶּע שְׁפִּיל .

קלויזנער

וָעה נָאר וִויא גְרוֹיס דוּא מַאכְסְט זִיךְ אַלֵיין
דוּא בִּיסְט נָאךְ אוֹיךְ נִיט בְּמַעֲלָה הָעֶלְיוֹנָה
דַיין פְּרָאפֶעסְיָאן אִיז אוֹיךְ יָעצְט זֵייעֶר גִימֵיין
עֶס וָועלְגֶערִין זִיךְ אַפוּלֶע וָואס אֵין קוֹנָה
מֶען גִיפִינְט אַלֶער הַאנְט קֶענֶער סַבִין
וָואס זִיצִין אָן בְּרוֹיט , גָאר אָן לֵיצָנוּת
אִיךְ וֵוייס מֶען טָאר דֶער פוּן נִיט לַאכִין
נָאר אִיךְ מֵיין מִיט אַ אֶמֶת , עֶס אִיז אַרַחֲמָנוּת
אָבֶּער אִיךְ בִּין יֶעצְט נָאךְ מֶער גִישְׁטוּיגִין
מָען וִויל מִיר אַיין שְׁלִינְגֶען מִיט דִיא אוֹיגִין
וַוייל אוּנְזֶערֶע יָעצְט וֵויינִיג זִיךְ גִיפִינֶען
חָאץ אִיךְ בִּין נִיט אוֹיף גִיטְרָאגִין

מִיט דִיא פְרַיילִינְס וָועלְכֶע דוּא טוּסְט זָאגִין
פוּן דָעסְט וָועגִין לִיג אִיךְ זֵייא גוּט אִין זִינֶען.

גימנאזיסט

זֶעה נוּר, וָואס טוּסְטוּ מִיר אַזוֹ שְׁרֶעקִין
מִיט אַזוֹינֶע זַאכִין וָואס אִיז פַאלְשׁ לִיגִין
אַגִימְנַאזִיסְט וָועט נִיט גֵיין דִיא הַאנְט אוֹיס שְׁטְרֶעקִין
אַזוֹא וִויא אַקְלוֹיזְנֶער אַנְדָבָה צוּ קְרִיגִין
עֶס זָאל אִים זַיין אֲפִילוּ וִויא דוּא זָאגְסְט שְׁלֶעכְט
קֶען עֶר דָאךְ פֶערְדִינֶען אַגְרָאסִין גִיכֶער וִויא דוּא
עֶר וָועט גִיכֶער עֶסִין אַשְׁטִיקִיל פִישׁ הֶעכְט
אֵיידֶער דוּא אַשְׁטִיקִיל הֶערִינְג בֶּעקוּמְסְט וואוּ?
דוּא דַארְפְסְט זִיךְ גָאר שֶׁעמֶען
מִיט וָואס דוּא טוּסְט זִיךְ אִיבֶּער נֶעמֶען
זֶעהְסְט נִיט אָן אַגְרָאסִין בַּייא דַיין נְשָׁמָה
אַז דוּא פַאר אַ אֵיידִים קוּמְסְט אָן
הָאסְטוּ אוֹיךְ נִיט וָואס צוּא טָאן
מֶען הָאט פוּן דִיר מֶער צַעַר וִויא נַחָמָה.

קלויזנער

אַקְלוֹיזְנֶער אִיז טַאקֶע גוּט, זֶעהְסְט דָאךְ צַלַיין
אַז עֶר פַאר דִינְט נִיט אִיז אוֹיךְ אָן סַכָּנוֹת
יֶעדֶער אִיד נֶעמְט אִים אָן אָרֶענְטְלִיךְ שֵׁיין

אין זיין נויט האט פארט יעדערער רחמנות
אבער אגימנאזיסט גאט זאל בעהיטין
עס וואלט אים חלילה הוצאות גיפעלט
וואלט ער גיוויס גרויס הונגער גיליטין
איידער ער וואלט וואו בעקומען אגראסין געלט
אונ בייא שוועער אונ שוויגער
וועל איך גיוויס זיין קליגער
פאר דיר וואס דוא פרעגסט וואס וועל איך טאן
דוא ווייסט אז אלערנער
האלט זייא פאר דיא הערנער
ער מעלקט — אונ עסט — וואס גייט אים דעראן .

גימנאזיסט

אויב דוא ווילסט וויסין וויא דוא ביזט גיפאלין
זעה נור בעטראכט בייא וועמען האסטו אגוסט
אויף דיר איז דאך גיוועזן אגביר אדער ארב אבעלן
אקיין שטעטילסער פרנס חודש האט גידאט צוא דיר לוסט
יעצט אבער , ווער טוט זיך נאך דיר יאגין
א ישובניק אפראסטער מענטש אפאנעראדניק הלעבין
דוא וועסט זיך נאך דארפין ביט זייא גוט שלאגין
איידער זייא וועלין.דיר דיינע נדן אפ געבין
מען ווערט בייא זייא אויס גיריסין

מָען מוז שוין פון הָארָע וויסִין
אַזֶעלְכֶע אַרְבֶּעט וָואס דַיינֶע אויגִין הָאבִּין נִיט גִיזֶעהֶען
אִיךְ בִּין אָבֶּער זַייעֶר מַייֶער
מִיט מַיין פְּרָאפֶעסְיָאן אַפוּיגִיל אַפְּרַייעֶר
אַזֶעלְכֶע שִׁידוּכִים וֶועט מִיר גִיוִויס נִיט גִישֶׁעהֶען .

קלויזנער

דַיינֶע אַלֶע רֵייד אִיז דָאךְ נוּר נַארֶעשֶׁע הַמְצָאוֹת
אִיךְ וֶועל דִיר אָבֶּער פְרָעגִין ווִיכְטִיגֶערֶע שַׁאֲלוֹת
לָאמִיר זֶעהֶען אוֹיף קְלָאר וֶוער אִיז אִין מָעוֹת
בַּייא וֶועמֶען גִיפִינְט מָען גְרֶעסֶערֶע מַעֲלוֹת
אַקְלויזְנֶער זָאל לֶערְנֶען קֶען דָאךְ וֶוערִין אַלַייט
אַרְב אָדֶער אַ מַגִיד אִיז גָאר מַה טוֹב
אֲפִילוּ אַשׁוֹחֵט אַ ראֹשׁ יְשִׁיבָה אַמְלַמֵד בַּייא דִיזֶע צַייט
בֶּעקוּמֶען זַייא אוֹיךְ פוּן יֶעדֶען כָּבוֹד לָרוֹב
אָבֶּער דוּא מִיט דַיין שְׁטוּדִירִין
וָואס טוּט דִיר פוּן אִידֶעשְׁקַייט אָפּ פִּירִין
וָואס פַאר עֶהְרֶע קֶענְסְטוּ דַאמִיט זִיךְ אַיין קוֹיפִין
אִין שׁוּל קֶען מֶען דִיר נִיט לַיידִין
דַיין אָרְט טוּט יֶעדֶער אוֹיס מַיידִין
פוּן דַיינֶע דַלֶת אַמוֹת טוּט מֶען דָאךְ אַנְטְלוֹיפִין

גימנאזיסט

נַיין בְּרוּדֶער, דוּא הָאסט נִיט גִיטְרָאפִין דֶעם אָרְט
מִיט דִיזֶע מַעֲלוֹת קֶענְסְטוּ גָאר נִיט שְׁטָאלְצִירִין
בֶּעקְרַאכְט נור אַ דוּחְאוּוְנִיק פוּן דֶעם גְרֶעסְטִין זָארְט
וִויא פִיל עֶהְרֶע טוּט עֶר בַּייא דִיא צַייט פֶערְלִירִין ?
צוּ דָאס אִיז אַגְלִיק דֶעם שְׁטִיקִיל כָּבוֹד אִין קְלוֹיז ?
צְווִישִׁין פְּרָאסְטֶע מֶענְטְשִׁין קֶען עֶר הוֹיבִּין דִיא קָאפּ
זֶעה אָבֶער זַיין שַׂאנְד אִין גַאס צוּא אִין הוֹיז
פוּן זַיין רַיידִין מִיט אַקְרִיסְט לַאכְט מֶען דָאךְ אָפּ
אִיךְ אָבֶער, מַיין הָאפֶענוּנְג אִיז גְרוֹיס
מִיט וָואס פַאר אַצִין אִיךְ וֶועל אַרוֹיס
וֶועל אִיךְ דָאךְ זַיין בַּייא אַלֶעמֶען גִישֶׁעצְט
בַּייא דִיא גְרֶעסְטֶע קֶענֶער
וֶועט מַיין עֶהְרֶע זַיין שֶׁענֶער
פַאר דִיר וָואס דוּא הָאסְט דֶעם בַּאנְק גִיקְוֶועצְט .

קלויזנער

אִיךְ בִּין אָבֶער פָארְט מַייעֶרֶער פוּן דִיר
אַלֶע קוּמֶען דָאךְ אָן צוּ אַדוּחְאוּונִיקְס לַאסְקֶע
וֶוער אִיךְ אַ רָב שְׁטֵייט מֶען בַּייא דֶער מִיר
אֵיידֶער אִיךְ וֶועמֶען אַ דִין תּוֹרָה צוּ אַשַׁאֲלָה פַּסְקָה
וֶוער אִיךְ אַמַגִיד אוּנ זָאג אַ דְרוּשׁ

שְׁטֶעלִין אַלֶע אוים דִיא אויעֶרִין וִויא הֶעזֶער
זָאג אִיךְ מוּסַר חָאטְשֶׁע זַייא הָאבִּין פֶערְדְרוּס
מוּזִין זַייא דָאךְ פֶ׳רְלַיידִין אַרָאפּ לָאזִין דִיא נֶעזֶער
וֶוער אִיךְ אַשׁוֹחֵט אִיז אויךְ נִיט שְׁלֶעכְט
אַז אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קוים דֶעם אֶקְס גִישֶׁעכְט
מוּז מֶען נָאךְ וַוארְטִין אויף זַיין בְּדִיקָה
אוּנ אֲפִילוּ אַמְלַמֵד , גָאט בֶּעהִיט
קֶען אִיךְ זִיךְ אויךְ אִיבֶּער נֶעמֶען דַאמִיט
אִיךְ שְׁלָאג דִיא תַּלְמִידִים , עֶס מוּז זַיין שְׁתִיקָה .

גיאמנזיסט

מִיט אַנַארִיסִין פַּאמְרָאן אִיז גִיטָא וָואס צוּא רֵיידִין
דוּא פַּאר שְׁטֵייסְט גָאר נִיט וָואס גוּט וָואס שְׁלֶעכְט
בֶּעטְרַאכְט נוּר גוּט דֶעם דוּחְאוֹנִיקְס לַיידִין
עֶר אִיז דָאךְ פֶערְקוֹיפְט צוּ יֶעדֶערִין פַּאר אַקְנֶעכְט
אָרְב צוּ אַמַגִיד , וָואס דוּא וֶועסְט וֶוערִין
וֶועסְטוּ הָאבִּין דֶער פוּן קוים בְּרוֹיט מִיט קַאסֶע
פוּן מֶענְטְשִׁינְס גָאבּ אַז מֶען דַארְף זִיךְ נֶערִין
אִיז דָאס פַּאר זַייא אויךְ אַגְרוֹיסֶע מַשָׂא
עֶס מְרֶעפְט נָאךְ אַזֶעלְכֶע שְׁטֶעלִין
וָואס דֶער רָב אִיז נִיט גִיפֶעלִין
יֶעדֶער גְרָאבֶּער יוּנְג זָאגְט אויף אִים אַדֵיעָה

מִיט דִיא פַּאסְקְעווִילִין שְׁרַייבִּין
טוּט מֶען אִים דָאךְ פֶערְטְרַייבִּין
עֶר בְּלַייבְּט אָן אַשְׁטָעל אוּנ קְרַאצְט דִיא פֵּיאָה .

קלויזנער

מִיט דִיזָע רַאֲיוֹת , הָאסְטוּ דָאךְ קַיין גֶעפִיל
אִין גַאנְצִין בֶּעשַׁאפְ פוּן גָאטְס הֶענְט
צוּא נוּר אַ דוּחְאוּוְנֶער אִיז צוּם דַלוּת אַצִיל ?
בַּייא אִים אַלַיין הָאסְטוּ דִיא אַרְמוּט עֶרְקָענְט
גָאט הָאט אוּיף דֶער עֶרְד אַ רָאד גִישְׁטָעלְט
אַלֶע מֶענְטְשִׁין טוּט עֶר אוּיף אִים דְרַייעָן
אֲפִילוּ אַזָעלְכֶע וָואס זַייא הָאט עֶר פַאר פֶּעלְט
הַאלְט עֶר זַיי אִין הַאנְט עֶר וָועט נָאךְ אִיםְפַּייעָן
ווִיא בַּאלְד אַז נִיט רַייךְ
אִיז דָאךְ גִיוִויס שׁוֹין גְלַייךְ
וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ צוּם לֶערְנֶען גִינוּמֶען
דָאס וָואס מִיר יֶעצְט פֶּעלְט
אוּיף דִיזָע נַארִישָׁע וָועלְט
וָועל אִיךְ דֶער פַאר מֶער עוֹלָם הַבָּא בֶּעקוּמֶען .

גימנאזיסט

מִיט דַיינֶע פָארִיגֶע רַייד בִּיסְטוּ אֲפִילוּ גִירֶעכְט
נִיט גְרָאד אַ דוּחְאוּוְנֶער אִיז אָרוּם גִימֵייז

אָבָער דאָך איז ער מָער מיטין דלות אַיין גיפְלָעכְט
דאס וועסטו מיר גיווים דאָך מודה זיין אַליין
נור דיין אויפ פיר מיט דיא פּאטְרָאנִיסֶע שְׁפִּיצִין
מען רופט אַקְלוֹיזְנִיק נאר איז טאקע ריכטיג
צו דארף מען בייא נאכט אין דער פינסטער זיצין
ווייל מארגין פריא וועט גיווים זיין ליכטיג ?
איך קען דיר זאגין גיווים
דעם ציל וועלכין איך שים
איז מער פון דיינעם אויף דער וועלט טייער
איך קען דורך אים גיווינען
איינִיגע מצות צו פערדינען
אויף יענער וועלט זאל אויך זיין צוא שטייער .

קלויזנער

פון דיר איז גיווים דעם חכמים רייד פערבארגין
אז רייך איז נור דער וואס פערלאנגט ניט מער
דיא רייכטום צום מענטשין מאכט אן גרויסע זארגין
ער שטעלט צוא ליב דעם זיין לעבין אין גיפער
צו מיין פּראפעסיאן נאך בעסער פּאסט
איינפאכיג צוא זיין ניט רייך ניט גימיין
איינס פון דיא ביידע דער וואס טראגט דעם לאסט
קען ניט מיט אריינעם געפיל איר גישמאק פערשטיין
אט מיט דיזע צווייא מעלות

אִיז שׁוֹין אַרָאפּ דַיינֶע שַׁאֲלוֹת
אִיךְ הָאבּ דָאךְ אִין צְווייפֶען דִיא פְּעוּלָה!
מִיר אִיז דִיא פִּינְסְטֶערְקַייט פְּרַייעֶר
פַאר דֶעם וָואס בֶּעלַייכְט אַפַּייעֶר
צוּא דֶעם קוּמֶענְדִיגִין טָאג אִיז דָאס אַגְרוֹיסֶע סְגוּלָה.

גימנאזיסט

הֶער בְּרוּדֶער, פֶּערְקְרִיךְ נִיט אִין עוֹלָמוֹת הָעֶלְיוֹנִים
מֶען וַויים נִיט נִיוּוִים וָועלְכֶער דָארְטִין אִיז גְרֶעסֶער
וָועלְכֶע זַיינֶען דָא פֶּערְהַאסְטזְפַאר תַּחְתּוֹנִים
קֶען זַייא דָארְטִין זַיין פַאר הִיגֶע עֶלְיוֹנִים בֶּעסֶער!
עֶרְקְלֶער מִיר בֶּעסֶער דַיין נַארִישֶׁע סְבָרָא
וָואס צוּ דַיין פְּרָאפֶּעסְיָאן טָאר מֶען נִיט זַיין רַייךְ
מִיר גִיפִינֶען דָאךְ אַז דִיא בַּעֲלֵי הַגְמָרָא
הָאבִּין גִילוֹיבְּט רָבִּין בַּייא אִים אִיז תּוֹרָה וּגְדוּלָה צוּא גְלַייךְ
אוֹיךְ אִיז מִיר שְׁוָוער
דֶער גַיין דַיין קְלֶער
אַז צוּ אַגִימַיינֶעם אִיז דַיין פְּרָאפֶּעסְיָאן קַיין סְחוֹרָה!
הִילֵל הַזָקֵן פוּן גְרוֹיס נֵייט
הָאט מֶען דָאךְ גִיפוּנֶען פֶּערְשְׁנֵייט
אוֹיפִין פֶּענְסְטֶער פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ הֶערִינְדִיק דִיא תּוֹרָה.

קלויזנער

וואַרט אויף בְּרוּדֶער זַייא נָאר גִידוּלְדִיג
דִיא זָעלְבִּיגֶע תְּנָאִים זַיינֶען צוּא מַיינֶע רֵייד אַרַאָיָה
הִילֵל מִיט רַבִּי אֶלְעָזֶר בֶּן חַרְסוּם מַאכִין מַאקֶע שׁוּלְדִיג
רַייכֶע אוּנ אָרֶעמֶע וָועלְכֶע זַיינֶען פוּן דֶער תּוֹרָה פְרַייעֶ
אָט זָעהְסְט דוּא דָאךְ אַז מִיט דִיזֶע נְסִיוֹנוֹת
קָען מֶע׳ גִיכֶער פוּן רֶעכְטִין וָועג אַרָאפּ
דֶעם דֶער לָאזְט נִיט זַיינֶע גְרוֹיסֶע אֶבְיוֹנוֹת
דֶעם דִיא רַייכְקַייט פַאר דְרֵייט דִיא קָאפּ
נוּר דִיא אַיינְפַּאכֶע מֶענְטְשִׁין
הָאט גָאט נִיטָאן בֶּענְטְשִׁין
זַייא קֶענֶען גִיכֶער טְרֶעפִין אִין צִיל !
אִיז דָאךְ דִיא וָועג פַאר מִיר
דֶער מִייעֶרְסְטֶער שְׁפַּאצִיר
נוּר דוּא הָאסְט נִיט אִין אִיר קַיין גִיפִיל !

גימנאזיסט

דַיינֶע נִצְחוֹנוֹת אִיז נִיטָא וָואס צוּ הָערִין
נָאךְ דַיין קְלָער דַארְפִין אַלֶע וָוערִין רַבָּנִים ?
צוּ זָאג מִיר מִיט וָואס זָאל מֶען זִיךְ עֶרְנֶערִין ?
מִיט תּוֹרָה אַלֵיין קֶען מֶען זַאט וָוערִין עַל פָּנִים ?
פַאר וָואס הָאבִין אוּנְז דִיא חז״ל פֶערְבָּאטִין
מֶען זָאל אַפְּרָאפֶעסְיָאן וָואס מֶער לִיבִּין

דֶר טַעַם פוּן תּוֹרָה זָאל נִיט װָערִין אָב גִיטְרָאטִין
מוּז זִיא מִיט אַפְּרָאסִיק דֶרֶךְ אֶרֶץ װָערִין אַיין גִירִיבִין
צוּ הָאט מָען גִיפוּנֶען חֲטָאִים
בַּייא אוּנְזֶערֶע תַּנָאִים אֲמוֹרָאִים
װַייל צוּ זַייעֶר לֶערְנֶען הָאבִּין זַייא בֶּענוּצְט אַטַאלֶענְט
צוּא דִיא אִיצְטִיגֶע דוֹרוֹת
זַיינֶען שׁוֹין רַיין פוּן עֲבֵירוֹת
וָואס בַּייא זַייא אִיז נוּר אַמְלָאכָה פֶערְשֶׁענְט ?

קלויזנער

קֵיין פְּרָאפֶעסְיָאן אִיז בַּייא מִיר נִיט שְׁפֵּל
נִיט אַזוֹ וִויא דוּא מַאכְסְט דֶעם פֵּירוּשׁ
אִין דִיא תַּנָאִימְס צַייטִין אִיז דָאס גִיוֶועֶן נוּר אַ טָפֵל
בַּיידֶע צוּ זַאמֶען אִיז זַייא גִיוֶועֶן נוֹשֵׂא פֵּירוֹת
אִין דִיזֶע דוֹרוֹת אִיז אָבֶּער גִיוָוארִין פַאר קֶערְט
אִיבֶּער דֶעם טָפֵל לָאזְט מָען דֶעם עִיקָר אָפּ
מָען פֶערְזוּכְט אַפְּרָאפֶעסְיָאן װָערְט תּוֹרָה גִישְׁטֶערְט
מֶ'ען וָואלְט אֲפִילוּ לֶערְנֶען אִיז שׁוֹין פֶערְדְרֵייט דִיא קָאפּ ,
דַיין פְּרָאפֶעסְיָאן אִיז אַשְׁרֶעק
זִיא מַאכְט אִין נְשָׁמָה אַפְלֶעק
אִיהְרֶע טְרָאפִּינְס זַיינֶען דָאךְ בִּיטֶער וִויא גַאל !
וִויא מָען כְּרֶעט צוּ אִיר צוּ
הָאט שׁוֹין פְרוּמְקַייט קֵיין רוּא

אָט דָער פַאר אִיז זִיא פָערְהַאסְט אִיבָּערַאלל .

גימנאזיסט

דוּא קָענְסְט דָאס שֶׁענְדִין פוּן הַיינְט בִּיז מָארְגִין
אִיז זִיא פָארְט קָענִין אַלְס מָער גִיוואוּינְגִין
וָוען דִיא מוּטָערְס שְׁפְּרַאךְ אִיז פוּן קִינְד פָערְבָּארְגִין
אוֹיס פִּירִין זַיין פָערְלַאנְג וָוערְט עָר אַרוֹיס גִיצְוִוינְגִין
ווִיא וָואלְטִין דִיא אִידִין מִיט תַּלְמַי הַמֶּלֶךְ אוֹיס פִּירִין ?
אִיבָּער זָעצִין דִיא תּוֹרָה אַז אִים הָאט זִיךְ פָערְלוּסְט
דִיא שׁוֹפְטִים דִיא מְלָכִים ווִיא וָואלְטִין זַייא רָעגִירִין
וָוען זַייא וָואלְטִין אִיר לַאנְד שְׁפְּרַאךְ נִיט גִיוואוּסְט
אִין דִיא אִיצְטִיגֶע צַייטִין
הָאט דָאס מָער צוּא בָּעדַייטִין
אָן דָעם קָען מָען נִיט שְׁטָעלִין אַמְּרִיט
דִיא רָעגִירוּנְג אִיז צוּ פְרִידִין
מִיט דִיא אִיצְטִיגָע אִידִין
וַוייל זַייא הָאבִּין זִיךְ גִינוּמָען דָער מִיט .

קלויזנער

וָועה מַיין פְרַיינְד לָאז מִיר צוּ פְרִידִין
עָס אִיז גְלַייכֶער מִיר זָאלִין זִיךְ שַׁיידִין
דָעם צוּנְג אוּנְטָער דִיא צֵיינָער מוּז מָען גוּט פָערְשְׁמִידִין
הָאבּ אִיךְ דָאס בִּירוּשָׁה פוּן דָעם עָלְטָער זֵיידִין

נור מַיין נִיט אַז דוא בִּיסט שוין אין גאנְצִין
קֶענְגִין מִיר תַּקִיף מִיר אָפּ גיטְרִיבִּין
איךְ וואלְט וָועלִין מִיט דִיר נָאךְ טַאנְצִין
מִיט אֵיינִיגֶע רַאֲיות וואלט איךְ גִירָעכְט גיבְּלִיבִּין
נור דֶער וָואס הָאט בְּעַנַאנְד
בַּיידֶע זַאכִין אִין דֶער הַאנְד
קֶענְגִין אִים וָואלְט איךְ גִיווִיס נִיט גִישְׁטְרַייט
נָוארום אַלֶעם אויף דֶער וָועלְט
הָאט דָאס גָאט גִישְׁטָעלְט
דֶער מֶענְטְש זָאל דָאס בְּרויכִין אִין דֶער צַייט .

ע נ ד ע

---

# צוּא פֶערְוויגִין אַ קִינְד

א.

שְׁלָאף מַיין קִינְד זַייא רוּהִיג גִישְׁטִילְט
דִיא וָועלְט אִיז דָאךְ פְּרַייא פַאר דִיר
דִיא נַאטוּר מִיט דִיר אַזִיסֶע לִיבֶּע שְׁפִּילְט
אין דַיין קְלֵיינֶעם פְּרַייעָן קְוַואטִיר
דוּא וֵוייסְט דָאךְ נִיט פוּן זָארְג פוּן פַּיין
דַיין הַארְץ אִיז פוּן מְרוּיעָר רַיין
זַייא דָאךְ לוּסְטִיג מִיט דִיא זוּנֶען שַׁיין

דִיא צַייט וָואס דוּא בִּיזְט נָאךְ קְלֵיין

ב.

שְׁלָאף מַיין קִינְד זָעה נִיט וַויין
אִיךְ וַוייס נִיט וָואס דִיר פֶעלְט
פוּן זִינְד גִיוִויס בִּיסְטוּ נָאךְ רֵיין
דַיין שְׁפַּייז פַאר דַיינֶע אוֹיגִין גִישְׁטֶעלְט
אוֹיף קְלֵיידֶער צִירוּנְג הָאסְטוּ אוֹיךְ גִיוִויס
אַבַּעל חוֹב נָאךְ נִיט אוֹיף אַפְּרוּטָה!
דַיינֶע גְלִידֶערְלִיךְ אַלֶע גִיזוּנְד אוּנ פְּרִים
דַיין קֶעפֶּעלֶע פוּן אַלְס אַ בֶּערוּטֶע.

ג.

שְׁלָאף מַיין קִינְד דַיינֶע אוֹיגֶעלַאךְ מַאךְ צוּ
דִיא צַייט וָואס דוּא בִּיסְט נָאךְ גְלִיקְלִיךְ!
אוֹיף דִיא קִינְפְטִיגֶע יָאהְרִין גִיפִינְט מֶען קֵיין רוּא
דִיא קָאפּ וֶוערְט צוּ שְׁפְּרֵייט אוֹיף שְׁטִיקְלִיךְ
דִיא צַייט וָואס דוּא לִיגְסְט אִין דִיזֶע וִויג
אִיבֶּער דַיינֶע אוֹיגֶעלַאךְ מִיט אַלֵייַלַאךְ פֶערְהַאנְגֶען
בִּיזְטוּ גִיוִויס זִיכֶער פוּן שַׂאנְד פוּן קְרִיג
קֵיין מוּתְרוֹת קֶענְסְטוּ יֶעצְט נִיט פֶערְלַאנְגֶען.

ד.

שְׁלָאף מַיין קִינְד דַיינֶע גִידַאנְקֶען אִיז קְלָאר

דוא ווייסט ניט וואס טרויער-בעדייט
קיין קלעמענעס קיין פערדרוס נאך ניט אהאר
פון וועלטליכע נויט ביסטו נאך בעפרייט
עס וועט נאך אמאל שלעכטע צייטין קומען
גאט זאל דיר פון זייא בעשיצין
זייערע שטראמען זייערע וועלין רוישין אונ ברומען
מען קען דאך אויף זייא ארט ניט איין זיצין

ה.

שלאף מיין קינד דיא קעפעלע לייג אוועק
זייא דאך לוסטיג מיט דיין פרילינגס צייט
יעצט ביסטו זיכער פון רויב פון שרעק
מיט בעטריגערייא פון שלעכטע לייט
אזיסין שלאף מיין ליב קינד געניס
ביז דוא וועסט אויף וואכין מיט גרויס פרייד
דיין טרוים איז יעצט ליב אונ זיס
מען ברויכט צו אים קיין בעשייד.

ו.

שלאף מיין קינד איך וועל נאך זינגען
גיבענטשט פון הימיל זאלסטו זיין
קיין ווייען קיין שמערץ זאל דיר צווינגען
אין דיין ערציהונג ביא דיא עלטערין דייז

דִּיזֶען הָאפֶֿענוּנְג טוּא אִיךְ נִיט פֶֿערְלִירִין
מִיט פֶֿערְגֶענִיגִין וָועסְטוּ אוּנְז־מַאכִין זַאט
אִין וָואס פַֿאר. אַוָועג דוּא וָועסְט זִיךְ פִֿירִין
זָאלְסְטוּ זַיין מִיט דָער צַייט אַחְוַואט.

ז.

מַיין קִינְד זָאלְסְט זַיין בָּעגְלִיקְט אִין דַיין וָועג
דָעם מִיטִין פּוּנְקְט זָאלְסְטוּ שְׁטָענְדִיג הִיטִין
גָאט זָאל דִיר בָּעשִׁיצִין פוּן אַזֵייטִיגֶע שְׁטָעג
וָואס מָען קָען אִיר פֶֿערְלִירִין אִין מִיטִין
דַיין וָועלְטְלִיכֶע רַייזֶע זָאל זַיין צוּם בָּעסְטִין
אַמָּעסְט שְׁנוּר אִין הַאנְט זָאלְסְטוּ מִיט נֶעמֶען
יָעדָער טְרִיט זָאלְסְטוּ פְּרִיעָר גוּט מָעסְטִין
דַיינֶע עֶלְטָערִין זָאלִין זִיךְ מִיט דִיר נִיט שֶׁעמֶען;

ח.

מַיין קִינְד זָאלְסְט זָעהֶען חָכְמָה אַיין קוֹיפִֿין
אִירֶע רֶעטֶענִים מִיט דִיא קְלוּגֶע וִויצִין
פוּן נַאֲרָנִים אִירֶע פֶֿערְהַאסֶער וַוייט צוּ לוֹיפִֿין
אוּנְטֶער אִירֶע פְֿלִיגְלֶען זִיךְ צוּ בָּעשִׁיצִין
אוֹיף דִיר מַיין קִינְד זָאל זַיין גָאטְס הַשְׁגָחָה
דַיין לֶערְנֶען זָאל קֵיין זַאךְ שְׁטֶערִין
צוּ דַיין פֶֿערְשְׁטַאנְד זָאלְסְטוּ הָאבִּין הַצְלָחָה
מִיט דַיינֶע קִינְדֶער זִיךְ קָענֶען וָוערִין

ט.

מַיין קִינְד זָאלְסְט הָאבִּין נָאךְ אַמָעלָה
מִיט בִּילְדוּנְג אַיין צוּ שְׁטִימָען
דָאס אִיז בֶּעדָערְפְטִיג אִין אַלָע וַויילָע
מִיט דֶערְמִיט טוּט זִיךְ דִיא צַייט בֶּערִימָען
דָאס עָפִינְט אוֹיף דָעם מָענְטְשִׁינְס אוֹיגִין
אִין אַלָע גִישֶׁעפְטִין וָואס עֶר הָאט
זִיא מוּז אָבֶּער זַיין אָן הַכְרָעה גִיוואוֹיגִין
צוּ אִיר זָאל נִיט צִיעָן דָער שְׁפִּינְדִיל דְרָאט.

י.

מַיין קִינְד זָאלְסְט זָעהָען מָענְטְשִׁין צוּא לִיבִּין
יָעדֶען אִין זַיין פַאךְ זָאלְסְטוּ עָהְרִין
קַיין אָרוּמַאן פוּן דִיר זָאל וָוערִין בֶּעטְרִיבִּין
וָוער פוּן דִיר וָועט אַטוֹבָה בֶּענֶערִין
מִיט דִיזָען פִירוּנְג וָועסְטוּ גִיוִוים בֶּעקוּמָען
גְרוֹיס עָהְרֶע נָאר אָן אַרֵייד
מִיט אַזִיכִין טְרוֹיס וָוער אַרוּם גִינוּמָען
אִיךְ נָעם שׁוֹין פוּן דִיר אָפּ שֵׁייד.

יא.

שְׁלָאף מַיין קִינְד אִיךְ וָועל נָאךְ וִויגִין
מַיינֶע גִידַאנְקָען אִיז יָעצְט גִימֶערְט

רייכטום פערגעניגין פון גאט זאלסטו קריגין
דיין נאמען זאל ווערין גיהערט
דיין בעהאנדלונג זאל זיין ארענטליך פיין
קיין פרעמדע ניט צו בעגערין
דיא מענטשין וועלכע אין דיינע גישעפטין ווערין זיין.
זאלין איבער דיר ניט פערגיסין קיין טרערין.

יב.

מיין ליבעס קינד פיליכט איז בעשערט
אטאלענט צוא האבין אין דיין האנט
זאל זיא ניט זיין אויף דיר בעשווערט
זאלסט איר ניט ברייגגען צו שאנד
אין דיזע צייט איז דאס ניט קיין שפאס
מען וועט גיוויס פון דיר ניט לאכין
נור אויב אין שול אמענטש אין נאס
וועט דיר גוט זיין אין אלע פאכין.

יג.

מיין ליבעס קינד מער פון אלע גלידער
זאלסטו זעהען צוא היטין דעם צונג
גאט אונ לייטין ניט צוא זיין דער ווידער
אבשייא זאלסטו האבין פאר אלט פאר יונג
דער פאר וועסטו בעקומען אגוטין בעלוינונג

מִיט דַיין נַאטוּר וָועלִין זִיךְ אַלֶע בָּענְטְשִׁין
פְרִיד מִיט פְרֵייד אִין דַיין וואוינוּנְג
גְרויס חֵן בַּייא אַלֶע מֶענְטְשִׁין .

יד.

מַיין לִיבְּעס קִינְד דִיא בְּרָכָה זָאל גָאט גֶעבִּין
צוּ וָועלְכִין צִיל דוּא וָועסְט זִיךְ שְׁטָעלִין
מִיט אַ פְרוּיא מִיט קִינְדֶער דִיא יָארִין אוּים לֶעבִּין
דַיין הָארֶץ פוּן זַייא מִיט נַחַת זָאל קְוָועלִין
קַיין לֵייד קַיין נוֹיט זָאל דִיר דְרִיקִין
צוּא אַמֶענְטְשִׁינְס גָאב אָן צוּא קוּמֶען
זַייעֶר בִּיכִין בְּרוֹיט טוּט וָוערְגִין שְׁטִיקִין
אֵיי מֶען פַאר זוּכְט אִים אוֹיפִין גוּמֶען .

טו.

שְׁלָאף מַיין קִינְד עֶס אִיז שׁוֹין צַייט
מַיינֶע גִידַאנְקֶען נֶעמֶען שׁוֹין אוֹיךְ אָפְּשֵׁייד
פוּן דִיא אַלֶע אִינְטֶערֶעסִין בִּיסְטוּ נָאךְ בָּעפְרַייט
קֶענְסְט נָאךְ שְׁלָאפִין מִיט פִיל פְרֵייד
צוּא גָאט פוּן הִימִיל טוּא אִיךְ הָאפִין
דֶער גְלִיק וָועט רוּעֶן אִין דַיין שׁוֹים
וָועסְטוּ קֶענֶען מַיין קִינְד אוֹיךְ רוּהִיג שְׁלָאפִין
דִיא צַייט וָואס דוּא וָועסְט וָוערִין גְרוֹים .

ע נ ד ע